לענינ־אינסטיטוט באמ צ.ק. אל.ק.פ.(ב)

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

וו. אדאָראטסקי

# וועגנ דערלערנענ לענינס ווערק

יִדיש—מ. ה.

מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד
יִדסעקטער
מינסק 1932

# I. וואָס גיבנ לענינס ווערק אונ ווי דארפ מענ זיי דערלערנענ.

זינט ס'איז דערשינענ דער זעקסבאנד, שטעלט זיכ די פראגע וועגנ דעמ, וויאזוי צו באנוצנ זיכ מיט דידאָזיקע ביכער, אינ וואָס פאר א סיידער, לויט וואָסער סיסטעמ דערלערנענ זיי. דידאָזיקע אָפהאנדלונג שטעלט זיכ די אופ־גאבע א פרווו טאָנ זיכ געבנ איינעמ פונ די מעגלעכע ענטפערס אפ דערדאָזיקער פראגע. אינ איינ ארטיקל איז, פארשטייט זיכ, אומעגלעכ דידאָזיקע פראגע אויסצושעפנ, אונ יענער סיידער פונ דערלערנענ, וועלכער וועט דאָ פאָר־געלייגט ווערנ, איז ניט דער איינציקער, דאָס איז איינער פונ די מעגלעכע וועגנ צו דערלערנענ לענינענ לויט זייַנע „געקליבענע ווערק", ארויסגעגעבענע אינ דעמ זעקסבאנד.

איכ וויל זיכ אָפשטעלנ אפ דרייַ פונקטנ: ערשטנס, געבנ א געוויסע פאָרלויפיקע כאראקטעריסטיק, וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר ביקלאל לענינס ווערק, דערנאָכדעמ אָפשטעלנ זיכ ספעציעל אפנ זעקסבאנד אונ צולעצט זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ די הייַנטצייַטיקע אונדזערע אופגאבנ, מאכמעס דערלערנענ לענינענ אויסער דער פארבינ־

דונג מיט דער הײנטצײַטיקער איז אומעגלעך. אָפּרײַסן לע־
נינס און מארקס ווערק פון דער הײנטצײַטיקײַט ווידער־
שפּרעכט דעם גאנצן טאָך פון מארקסיזם־לעניניזם.

מארקסיזם—דאָס איז די טעאָריע פון פּראָלעטאריאטס רעוואָליוציאָנערן קאמף, וואָס זי האָט אין זינען דעם אק־טיוון אָנטייל אין דעמדאָזיקן קאמף, אָנפירונג מיט דעם־דאָזיקן קאמף. מארקס, האָט, ווי ס'איז באוווסט, אנטדעקט די היסטאָרישע ראָלע פון פּראָלעטאריאט, וועלכער איז דורך זײַן לאגע אין דער גרויסער מאשינ־זירטער אינדו־סטריע, אין דער פּראָדוקציע און אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט אוועקגעשטעלט פאר דער אופגאבע צו שאפן די קאָמוניסטישע געזעלשאפט. דער וועג צו פארווירקלעכן דידאָזיקע גרויסע וועלט־היסטאָרישע אופגאבע איז דער קלאסן־קאמף. די אוטאָפּישע סאָציאליסטן, וועלכע האָבן צום ערשטן ארויסגערוקט דעם אידעאל פון סאָציאליזם, זײַנען צוגעגאנגען צו דער פראגע טרוימעריש, אידעאליסטיש, האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אז דידאָזיקע אופגאבע קען דער־גרייכט ווערן מיטאמאָל און אז מע קען זי פארווירקלעכן דורך פריידיקן, איבערצײַגן. מארקס, וועלכער איז, ווי ס'איז באַ־וווסט, געווען ניט קיין אידעאליסט, נאָר א מאטעריאליסט, האָט באוויזן, אז דער איינציקער וועג צו פארווירקלעכן די סאָציאליסטישע געזעלשאפט, איז דער וועג פון דעראָבערן דעם קאָמוניזם—דאָס איז א דויערנדיקער וועג פון פאראק־שנטן קלאסנקאמף, פון מאסנקאמף, א וועג, וואָס פאָדערט, ווי מארקס האָט זיך אויסגעדריקט אין איינעם פון זײַנע ווערק, „לאנגע געבורט־יעסורים" און אפּ דעמדאָזיקן וועג פון מא־

סאָוונ קאמפ האָט א ריזיקע באַדײַטונג די טעאָריע, די וויסנשאפטלעכע אָנפירונג מיט דעמדאָזיקנ מאסאָווונ קאמפ, אינ וועלכנ עס באטייליקנ זיכ צענדליקער אונ הונדערטער מיליאָנער, בלויז אפנ גרונט פונ וויסנשאפטלעכער טעאָריע איז טאקע מעגלעכ פאָרויסצוזענ דאָס, וואָס עס דארפ זײַנ, „ווי וועלנ זיכ אופירנ קלאסנ, ווהינ וועלנ זיי זיכ דארפנ באוועגנ” (סטאלינ). מיט אזעלכע מוסטערנ פונ וויסנשאפטלעכנ פאָרויסזענ זײַנענ פול די ווערק פונ מארקסנ, ענגעלסנ אונ לענינענ.

ווי א בײַשפּיל קענ מענ ברענגענ כאָטשבי די באוווסטע שלוס־שורעס פונ לענינס פרײַקנ ווערק, „וואָס זײַנענ אזוינס די „פאָלק־פרײַנט” אונ ווי האלטנ זיי מילכאָמע קעגנ די סאָציאל־דעמאָקראטנ?” לענינ האָט דאָרטנ געשריבנ: „ווענ די פאָרגעשריטענע פאָרשטייער זײַנע (פונ דעם ארבעטער־קלאס.—וו. א.) וועלנ באנעמענ די אידייעס פונ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ, די אידייע וועגנ דער היסטאָרישער ראָלע פונ רוסישנ ארבעטער, ווענ דידאָזיקע אידייעס וועלנ באקומענ א ברייטע פארשפרייטונג אונ צווישנ די ארבעטער וועלנ זיכ שאפנ פעסטע אָרגאניזאציעס, וואָס פארוואנדלענ די איצטיקע צעשפּליטערטע עקאָנאָמישע מילכאָמע פונ די ארבעטער אינ א באוווסטזיניקנ קלאסנקאמפ,—דעמלט וועט דער רוסישער ארבעטער אופהייבנ זיכ אינ דער שפּיצ פונ אלע דעמאָקראטישע עלעמענטנ, וועט אראָפּשלײַדערנ דעם אבסאָליוטיזמ אונ וועט אוועקפירנ דעם רוסישנ פראָלעטאריאט (איניינעמ מיטנ פראָלעטאריאט פונ אלע לענדער) מיטנ גלײַכנ וועג פונ אָפענעמ

פאָליטישנ קאמפ צו א זיגרײַכער קאָמוני־
סטישער רעוואָליוציע" (לענינ—„געקליבענע ווערק",
ב. I, ז. 238). אינ 1894 יאָר האָט דער יונגער לענינ, ווענ
ער איז אלט געווענ אינגאנצנ 24 יאָר, וואָס האָט שוינ
דעמלט באהערשט די טעאָריע פונ מארקסיזמ, געקענט אפנ
גרונט פונ דערדאָזיקער טעאָריע אונ אפנ גרונט פונ טיפנ
דערלערנענ דעמ קלאסנקאמפ פונ זײַנ צײַט ארויסרוקנ אזא
וויסנשאפטלעכע פאָרויסזעונג, וועלכע האָט זיכ אינגאנצנ
אונ מולשטענדיק באשטעטיקט דורכנ ווײַטערדיקנ גאנג פונ
דער היסטאָרישער אנטוויקלונג.

מארקס אונ לענינ האָבנ געלערנט, אז דער פארוויר־
קלעכער פונ סאָציאליזמ איז דער פראָלעטאריאט, אז ער איז
דער פירער פונ אלע אונטערדריקטע אינ קאמפ קעגנ קא־
פיטאליסטישער עקספלואטאציע. לענינ האָט אינ „ערשטנ
עסקיז פונ טעזיסנ צו דער אגרארער פראגע" פארנ II צו־
זאמענפאָר פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל געשריבנ:
„בלויז דער שטאָטישער אונ אינדוסטריעלער פראָלעטאריאט,
וואָס מיט אימ פירט אָנ די קאָמוניסטישע פארטיי, קענ
אויסלייזנ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ דאָרפ פונעמ דרוק
פונ קאפיטאל אונ גרויסנ פריצישנ ערד-באזיץ, פונעמ חורבנ
אונ פונ די אימפעריאליסטישע מילחאָמעס, וועלכע זײַנענ
אומפארמײַדלעכ אפדאָסנײַ אונ אפדאָסנײַ באמ אײַנהיטנ די
קאפיטאליסטישע אָרדענונג. פאר די ארבעטנדיקע מאסנ פונ
דאָרפ איז ניטאָ קײנ רעטונג אנדערש, ווי אינ פארבאנד
מיטנ קאָמוניסטישנ פראָלעטאריאט, אינ טרײַענ אונטער־
שטיצנ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פאר אראָפווארפנ דעמ

יאָכ פונ די פריצימ (גרויסע ערד־באזיצער) אונ פונ דער בורזשואזיע. פונ דער אנדער זײַט, קענענ די אינדוסטריעלע ארבעטער ניט אויספילנ זײער וועלט־היסטאָרישע מיסיע צו באפרײַענ די מענטשהײַט פונעמ דרוק פונ קאפיטאל אונ פונ מילכאָמעס, אויב דידאָזיקע ארבעטער וועלנ זיכ אײַנשליסנ אינ ענג־צעכישע, ענג־פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסנ אונ וועלנ זיכ זעלבסטצופרידנ באגרענעצנ מיט דײַגעס אונ זאָרגנ וועגנ פארבעסערנ זײער צומאָל דערטרעגלעכ־באלעבעסלדיקע לאגע. אזוי טאקע פאסירט אינ אסאכ פאָרגעשריטענע לענדער מיט דער „ארבעטער־אריסטאָקראַטיע", וועלכע איז דער יעסאָד פונ די קלוימערשט־סאָציאַליסטישע פארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל, פאָרשטעלנדיק אפאנעמעסנ די ערגסטע סאָנימ פונ סאָציאליזמ, זײַנע פארעטער, באלעבעסלדיקע שאָוויניסטנ, אגענטנ פונ דער בורזשואזיע אינעווייניק אינ דער ארבעטער־באוועגונג. א ווירקלעכ רעוואָלוציאָנערער, א ווירקלעכ סאָציאליסטיש האנדלענדיקער קלאס איז דער פּראָלעטאריאט בלויז בא דעמ באדינג, אז ער טרעט ארויס אונ פירט זיכ אופ, ווי דער אוואנגארד פונ אלע ארבעטנדיקע אונ עקספּלואטירטע, ווי זײער פירער אינ קאמפ פאר ארויפווארפנ די עקספּלואטאטערס" („טעזיסנ צו דער אגרארער פראגע אפנ II קאָנגרעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל") (לענינ—„געקליבענע ווערק", ב. V, ז. 529). אָט ווי לענינ פאָרמולירט די היסטאָרישע אופגאבעס פונ פּראָלעטאריאט אונ זײַנ פּאָליטיק.

אונ אָט וואָס ער האָט געשריבנ מעקויעכ דער מארקסיסטישער טעאָריע. אינ דער שוינ פריִער דערמאָנטער בראָ־

שור „וואָס זײַנען אזוינס די „פאָלק־פרײַנט” און ווי האלטן
זיי מילכאָמע קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראטן?” האָט ער בא־
שולדיקט די ליבעראלע ליטעראטן, וואָס האָבן שלעכט אי־
בערגעגעבן דעם מארקסיזם, אין דעם, אז זיי פארקריפלען
אים גוואלדיק. „מארקסיזם אין זייער איבערגעבן לאָזט זיך
אויס, א סוואָרע, צו דער לערע וועגן דעם, וויאזוי בא
דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג מאכט דורך זײַן דיאַלעק־
טישע אנטוויקלונג דאָס אינדיווידועלע אייגנטום, וואָס איז
געגרינדעט אויף דער ארבעט פונעם אייגנטימער, וויאזוי זי
פארוואנדלט זיך אין איר אָפּלייקענונג און ווערט דערנאָכ־
דעם פארגעזעלשאפטלעכט” (לענין—„געקליבענע ווערק”,
ב. VI, ט. 1, ז. 265). און ווײַטער האָט לענין אָנגעוויזן,
וואָסערע וויכטיקע טיילן פון דער טעאָריע זײַנען דורכגע־
לאָזן. ס'איז דורכגעלאָזן די באזונדערקײַט פון מארקס מע־
טאָד—פונעם דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם—ניט צו באגרענעצן
זיך בלויז מיטן אָביעקטיוון (און דערבײַ נאָך ניט פולן)
דערלערנען, נאָר ארומכאפּן אלע פראקטישע אויפגאבן, אײַנ־
שליסן אויך די פראקטיק פון רעוואָלוציאָנערן קאמף. ס'איז
דורכגעלאָזן די לערע וועגן קלאסנקאמף און צולעצט עס
רעדט זיך גאָרנישט וועגן דעם דירעקטן ציל פון דער
אויספאָרשונג—„אויפדעקן אלע פאָרמעס פון אנטאָגאָניזם און
עקספּלואטאציע, כדי צו העלפן דעם פּראָלעטאריאט אראָפּ־
צווארפן זיי” (לענין—געקליבענע ווערק”, ב. VI, ט. 1,
ז. 265). דעם פּראָלעטאריאטס קלאסנקאמף, די אָנפירונג מיט
דעמדאָזיקן קאמף, וועלכע עס פארווירקלעכט די קאָמוניסטישע
פארטיי,—אָן דעם קען ניט זײַן קיין מארקסיזם־לעניניזם.

מע קענ ברענגענ אסאכ אנטשפּרעכנדיקע אויסצוגנ פונ מארקס, ענגעלסעס און לענינס ווערק, ווו עס רעדט זיכ וועגנ דעמ, אז די פּראָפּאגאנדע פונ סאָציאליזמ קענ זיכ ניט באגרענעצנ מיט ליטערארישנ און מונדלעכנ פּרײדיקנ, ס'איז נאָכ נייטיק צו לערנענ אפ מײַסימ. אפ דער פּראקטיק. די מאסנ דארפנ זיכ אפ דער אייגענער דערפארונג דערקונדיקנ אינ דער ריכטיקײַט פונ דער אָנפירונג. ענגעלס זאָגט אינ דעמ פאָרוואָרט צומ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט":

„פאר מארקסנ איז די איינציקע גאראנטיע פארנ ענדגילטיקנ ניצאָכנ פונ די האנאָכעס, וואָס זײַנענ ארויסגעשטעלט אינעמ „מאניפעסט", געווענ די גײַסטיקע אנטוויקלונג פונעמ ארבעטער־קלאס, אלס דער נייטיקער רעזולטאט פונ זייער געמיינזאמער טעטיקײַט און באהאנדלונג. די געשעענישנ און דער גאנצער גאנג פונ קאמפּ מיטנ קאפּיטאל, ניצכוינעס און נאָכ מער מאפּאָלעס האָבנ אפגעוויס געדארפט אופדעקנ פאר די קעמפנדע די פולשטענדיקע ניטגענוגנדיקײַט פונ יענע טרעפערשע סגולעס, פונ וועלכע זיי האָבנ געהאלטנ, און מאכנ זייערע קעפּ מער צוטרעטלעכ צומ גרינטלעכנ פארשטיינ די עמעסע באדינגונגענ פאר דער באפרײַונג פונ די ארבעטער" (ענגעלס—„פאָרוואָרט צומ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט", דאטירט דעמ 1 מײַ 1890 יאָר).

דער קאמפּ אונטער דער אָנפירונג פונ פּארטיי, וואָס שעפּט איר טעאָריע פונ דער גאנצער דערפארונג פונעמ פּראָלעטאריאטס צווישנפעלקערלעכנ קאמפּ, דאָס דערלער־

נען איינינעם מיט דעם די ווערק פון מארקסן, ענגעלסן און לענינען, דאָס אויסניצן די טעאָריע פון מארקסיזם, ווי א וועגווײַזער פאר טאטן — אָט איז דער וועג צום דערלער־נען דעם לעניניזם.

אין מארקס, ענגעלסעס און לענינס ווערק געפינען מיר די בעסטע אָפּשפּיגלונג פונעם פראָלעטאריאטס קלאסן־קאמף און די בעסטע אָנפירונג מיט דעמדאָזיקן קלאסן־קאמף.

אָט פון וועלכן שטאנדפונקט מע דארף צוגיין קוידעם־קאָל צו לענינס ווערק, פון דעמדאָזיקן שטאנדפונקט דארף מען זיי מאקע דערלערנען.

לענינס ווערק — דאָס זײַנען א מין וועגווײַזער איבער דער טעאָריע פון הײַנטצײַטיקן קאָמוניזם. אזוי טאקע דארף מען צוגיין צו דעם זעקסבאנד.

דערלערנענדיק לענינס ווערק, טאָר מען ניט ארויס־כאפּן פון זיי באזונדערע ערטער און אָפּרײַסן זיי פון דער סיטואציע, אין וועלכער זיי זײַנען אופגעקומען. מע דארף זיי דערלערנען גאנצערהייט און אָפּגעבן זיך א רעכענונג וועגן יענע באדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך גע־שאפן, און כּוצדעם איז נייטיק צו דערלערנען זיי אין פארבינדונג מיט די הײַנטצײַטיקע אופגאבן, ארויסנעמען פון זיי א לעקציע פארן מאטעריאליסטישן קלאסאָוון צו־גאנג צום לייזן די הײַנטצײַטיקע אופגאבעס פון פּראָלע־טארישן קאמף.

פאר א מוסטער, וויאזוי צו דערלערנען לענינען, דארף זײַן לענין אליין, ווי אזוי ער פלעגט צוגיין צום דערלערנען

מארקסן. אין דעם זעקסבאנד איז פאראן א רייע אזוינע ווערק, אין וועלכע לענין, שטיצנדיק זיך אף מארקס ווערק, פירט א קאמף פאר נייע אופגאבן, וועלכע עס רוקט ארויס דאס לעבן. ווי אף איינעם אזא ביישפיל קען מען אנווייזן אף לענינס בארימטן בוך „מעלוכע און רעוואָ־ לוציע" (זע „געקליבענע ווערק", ב. IV, ז. 85—3). לענין נוצט אויס דעם מארקסיזם, מארקס לערע וועגן דער מעלוכע, נאָר ער באגרענעצט זיך ניט מיט דעם, וואָס ער שטעלט אוף דאס, וואָס האָבן געשריבן מארקס און ענגעלס, ער נעמט אין באטראכט אויך דאָס נייע, וואָס איז געקומען נאָך מארקסן און ענגעלסן. ארויסשרייבנדיק איינציקע ערטער פון מארקס ווערק, וועלכע ריידן וועגן דעם, אז דער פראָלעטאריאט דארף צעקלאפן און צעברעכן די מאשין פון דער בורזשואזער מעלוכע, גיט צו לענין: „נאָר בא היינטיקן טאָג זיינען די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פאר־ טייען אף דריי פערטל ארייינגעוואקסן אין דעמדאָזיקן אפאראט פון די בורזשואזע מעלוכעס",—א נייער אומשטאנד, וועלכער איז בא מארקס און ענגעלסעס לעבן ניט געווען, און לענין מערקט אָפּ דאָ גופע: „יענער קאמף, וועלכן מיר פירן קעגן די בורזשואזע מעלוכעס, קריגט איצטער אביסל אן אנדער זין. מיר פירן א קאמף אויך קעגן דער סאָציאַל־ דעמאָקראטיע, וועלכע איז א טייל פון דער בורזשואזער מעלוכע". לענין האָט דאָס געשריבן אין יאנוואר 1917 י. אויב מיר וועלן א קוק טאָן אף יענער לאגע, וועלכע עס פארנעמט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע אין די בורזשואזע מעלוכעס בא היינטיקן טאָג, וועלן מיר דערזען, אז זי

וואקסט אריַין אין דעם אפּאראַט פון דער בורזשואזער מעלוכע נאָך מער, ניט אָפּ דריַי פּערטל, נאָר אָפּ אַלע 100 פּראָצ. מעגלעך, אַז אפילע נאָך מער. דיסקוטירנ אָט דאָס נײַע איז נייטיק דערצו, קעדיי צו פירנ א קאָנסע־קווענטנ קאמף פארנ לייזנ די קלאסנ־אופגאבנ פונ פּראָלע־טאריאט. דער זעקסבאנד איז, ווי איך האָב שוינ געזאָגט, א מינ וועגוויַיזער, וואָס גיט אנ ענטפער אָפּ אַלע קימאט פראגנ פונ דער ארבעטער־באוועגונג. מע דארף אָבער צו־גיינ צו דעם, וואָס דאָרטנ געפינט זיך, ניט ווי צו א דאָגמע, נאָר ווי צו א „וועגוויַיזער פאר טאטנ”, האלטנ זיך אָנ דעם, ווי אָנ א בײַשפּיל אונ דערבײַ פאנאנדערקלײַבנ זיך אינ די נײַע באוויַנגונגענ אונ קעמפנ פארנ לייזנ די נײַע אופגאבעס פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

## II. וועגנ דעם זעקסבאנד.

קוידעמקאָל אינ קורצנ וועגנ אינהאלט פונעם זעקסבאנד.

דער מאטעריאל איז אינ אים אויסגעלייגט אָפּ פאָלגנדיקנ אויפנ: אינ די ערשטע פינפ בענד איז ער אויסגעלייגט אינ כראָנאָלאָגישנ סיידער. דער ערשטער באנד פארענדיקט זיך מיטנ 2־טנ צוזאמענפאָר פונ דער פארטיי אונ מיט דער שפאלטונג (די יאָרנ 1904—1894). דער צווייטער באנד איז געווידמעט דער רעוואָליוציע פונ 1905־טנ יאָר אונ דעם נאָכקומענדיקנ פעריאָד פונ רעאקציע, ביז דער מילכאָמע פונ 1914 יאָר (די יאָרנ 1914—1905). דער דריטער באנד איז די אימפעריאליסטישע מילכאָמע, די כאראקטעריסטיק

פון אימפעריאַליזם, די פעוראל־רעוואָלוציע, פון פעוראל־רעוואָליוציע צום אָקטיאַבער און די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, (די יאָרן 1917—1914). דער פערטער באנד איז געווידמעט די פראגן פון פראָלעטארישער דיקטאטור און דעם פעריאָד פונעם מיליטערישן קאָמוניזם (די יאָרן 1920—1918) און דער פינפטער — די פראגן פון סאָציאַליסטישער בויונג נאָכן אריינפירן די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק (די יאָרן 1923 — 1921). דער לעצטער, דער זעקסטער באנד פונעם זעקסבאנד, נעמט ארום לעניגס ארבעטן פון טעאָרעטישן כאראקטער, וואָס זיינען שייעך צו פארשיידענע פעריאָדן. ער, ווידער, איז צונויפגעשטעלט פון צוויי טיילן. אין דעם ערשטן טייל גייען אריין לענינס ארטיקלען וועגן מארקסיזם, ארבעטן, וואָס גיבן איבער דעם טאָך פון דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם, לענינס פילאָסאָפישע ארבעט „מאטעריאַליזם און עמפיריאָקריטיציזם" מיט קירצונגען, וויטער — ארבעטן, וואָס באלייכטן פראגן פון היסטאָרישן מאטעריאַליזם און א באזונדער אָפּטייל, וואָס איז געווידמעט דער כאראקטעריסטיק פונעם טעאָרעטישן קאמף פון מארקסיזם קעגן רעוויזיאָניזם. די צווייטע העלפט באנד איז געווידמעט דער טעאָריע פון דער אגרארער פראגע.

אזא איז די סטרוקטור פונעם זעקסבאנד.

אין דעמדאָזיקן ארטיקל וועלן מיר זיך קענען אָפּשטעלן בלויז אף עטלעכע פראגן, נעמלעך, אף דער פראגע וועגן דער פארטיי, וועגן דיקטאטור פון פראָלעטאריאט און סאָציאַליסטישער בויונג, וועגן קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל.

קוידעמקאָל די פראגע וועגנ דער פארטיי, איכ וואָלט רעקאָמענדירט אָנהייבנ דערלערנענ דידאָזיקע פראגע פונ „קינדער־קראנקײַט פונ „לינקײַט" אינעמ קאָמוניזמ". דאָס איז איינע פונ די שפעטערדיקע לענינס ווערק, זי איז אָנגעשריבנ אינ 1920 יאָר, אינ איר איז פאראנ די אונטערשטע שורע פונ א גוואלדיקער דערפארונג פונ פאָליטישנ קאמפ, דערפארונג פונ פארטיי־אָנפירונג, וועלכע האָט זיכ בא לענינענ אָנגעקליבנ אינ פארלויפ פונ זײַנע קימאט דרײַסיק יאָר פאָליטישער טעטיקײַט. כוץ דעמ האָט זיכ לענינ געשטיצט אפ דער גאנצער דערפארונג, וואָס עס האָבנ אָנגעקליבנ מארקס אונ ענגעלס. איז אָט אינ דערדאָזיקער ניט גרויסער בראָשור (זי גייט ארײַנ אינ V באנד, זײַטנ 485—412) רעקאָמענדיר איכ קוידעמקאָל איבערלייענענ די פיר ערשטע קאפיטלענ. דאָרטנ קענ מענ געפינענ, ערשטנס, די אָפשאצונג פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, נאָכדעמ גיט זיכ א דעפיניציע פונ דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ אנ אָפשאצונג פונ דער ראָלע פונ דער פארטיי בא דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, עס גיט זיכ א געפרעסטע כאראקטעריסטיק פונ די אנטוויקלונג־עטאפנ פונ דער פארטיי אונ א כאראקטעריסטיק פונ יענעמ קאמפ, אינ וועלכנ די פארטיי איז רײַפ געוואָרנ, האָט זיכ פארהארטעוועט, האָט זיכ דערצויגנ. דידאָזיקע בראָשור איז אויסערגעוויינלעכ אינהאלטרײַכ, זי כאפט ארומ די וויכטיקסטע פראגנ.

פארטיי־פראגנ דארפ מענ דערלערנענ אינ דרײַ ריכטונגענ: פראגנ פונ פארטיי־פראָגראמ, פראגנ פונ אָרגאניזאציע אונ טאקטישע פראגנ.

די פארטיי־פראָגראַם שטעלט אײַנ די גרונט־אָנשווינגענ אפנ כאראקטער, אפ די צילנ אונ אופגאבנ פונ דער באוועגונג. ארויסגייענדיק פונ אבסאָליוט פינקטלעכע פאקטנ, גיט די פראָגראם א כאראקטעריסטיק פונ יענע באדינגונגענ, פונ וועלכע עס קומט אויס ארויסצוגיינ, אונ שטעלט אײַנ אינ אלגעמיינע שטריכנ סײַ די נאָענטסטע אופגאבנ, סײַ די מער דערווײַטערטע צילנ, צו וועלכע עס שטרעבט דער ארבעטער־קלאס. צו די פראגנ פונ פראָגראם, פינ איר אויסארבעטונג זײַנענ פאראנ מאטעריאלנ אינ I באנד פונעמ זעקסבאנד. דאָרטנ איז פאראנ דער „פראָיעקט אונ די דערקלערונג פונ דער פראָגראם פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פארטיי" (זײַטנ 246—266), וואָס עס האָט אָנגעשריבנ לענינ אינ די יאָרנ 1895—1896. אינ דער דערקלערונג צו דער פראָגראם גיט זיכ א פראכטפולע כאראקטעריסטיק פונ רוסישנ קאפיטאליזמ, פונ דער לאגע פונעמ ארבעטער־קלאס אונ פויערטומ, פונ זייערע באציִונגענ צו אנדערע קלאסנ, אונ אפנ גרונט פונ אָט דעמ ווערט דערקלערט די פאָליטישע אונ עקאָנאָמישע פאָדערונגענ, פאר וועלכע עס קעמפט דער ארבעטער־קלאס. אינ דעמזעלבנ I באנד איז פאראנ דער פראָגראם־פראָיעקט פונ דער ר.ס.ד.א.פ. (זײַטנ 454—459), וואָס עס האָט אָנגעשריבנ לענינ אינ 1902 יאָר. אונ דער „אָפרופ וועגנ פלעכאנאָווס צווייטנ פראָיעקט" (זײַטנ 459—461) (1902 יאָר). אינ אימ האָט לענינ קריטיקירט פלעכאנאָווס אלגעמיינע, אבסטראקטע פאָרמולירונגענ אונ אנטקעגנגעשטעלט זיי די פאָדערונג קאָנקרעט צו פאָרמולירנ „די פראָגראם פונעמ פראָלעטאריאט,

וועלכער קעמפט קעגנ ביז גאָר רעאַלע אנטפּלעקונגענ פונ א ביז גאָר באשטימטנ קאַפּיטאליזם" (ב. I, ז. 460). לענינ האָט געהאלטנ פאר נייטיק, אז די פּראָגראם זאָל אינ זיכ האָבנ א „קאָנקרעטע באשולדיקונג אונ מילכאָמע־דער־קלערונג", וואָס איז פאר „א פּראקטיש קעמפנדיקער פּארטיי וויכטיקער פונ אלצ". די אופגאבע פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער פּארטיי באשטייט טאקע אינ דעמ, אז זי זאָל אָנפירנ מיטנ קאמפ פונעמ פּראָלעטאריאט, וועלכער גייט בעראָש פונ אלע עקספּלואטירטע, וועלכער קעמפט פאר אראָפּווארפנ די קאַפּיטאליסטישע עקספּלואטאציע, פאר פאר־ניכטנ קלאסנ, פארנ קאָמוניזמ. אינ III (זע זייטנ 137—300) אונ IV באנד (זע אָפּטייל „IV די אויסארבעטונג פונ דער פּארטיי־פּראָגראם", זייטנ 578 — 544) זיינענ פאראנ מאטעריאלנ צומ איבערקוקנ די פּראָגראם אינ די יאָרנ 1917—1919, ווענ אינ רעזולטאט פונ גוואלדיקע ענדערונגענ אינ דער גאנצער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער סיטואציע, וועלכע זיינענ פאָרגעקומענ פאר יענע 15—14 יאָר, וואָס זיינענ אריבער, זינט עס האָט זיכ אויסגעארבעט די אפנ II צוזאמענפאָר אינ 1903 יאָר אָנגענומענע פּראָגראמ, — איז נייטיק געוואָרנ צו זאָגנ אינ פּראָגראמ וועגנ דידאָזיקע אלע ענדערונגענ. אינ פּראָגראם איז נייטיק געוואָרנ צו געבנ א כאראקטעריסטיק פונעמ אימפּעריאליזמ אונ דער צווישנ־פעלקערלעכער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ, אונ אויכ געבנ א כאראקטעריסטיק פונעמ נייעמ טיפּ מעלוכע, וואָס איז אופגעקומענ אינ אונדזער רעוואָ־ליוציע, פונ דער „סאָוועטישער רעפּובליק, ווי א פאָרמ פונ

דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט״, פון די עקאָנאָמישע אופ־
גאבן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור א. א. וו. באם
דערלערנען די פראגן פון פּראָגראם דארף מען א באזונ־
דערע אופמערקזאמקייט ווענדן אפ דער אגרארער פּראָגראם.
דאָ װעלן א װערטפולן מאטעריאל געבן: די רעזאָליוציע
וועגן דער אגרארער פראגע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן
אפן 2־טן קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און
אנדערע מאטעריאלן, וואָס זיינען פאראן אין I און II ב.
און אין דעם צווייטן טייל פון VI באנד. עס איז אויך
נייטיק צו דערלערנען די פּראָגראם פון קאָמוניסטישן אינ־
טערנאציאָנאל. די טעאָרעטישע יעסוידעס פון מארקסיזם
זיינען איבערגעגעבן, ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, אין
ארטיקלען און ארבעטן, וואָס געפינען זיך אין דעם
ערשטן טייל פון VI באנד.

וואָס עס איז שייך פראגן פון אָרגאניזאציע,
איז אין דעם פראט זיינען די וויכטיקע גרונט־שטריכן אָפּ־
געמערקט אין די אָנגעוויזענע קאפּיטלען פון דער בראָשור
„קינדער־קראנקייט פון „לינקייט" אינעם קאָמוניזם". לעניו
זאָגט דאָרטן, אז פאר א פּראָלעטארישער פארטיי זיינען
די גרונט־פּאָדערונגען—צענטראליזם און דיסציפּלין: „אומ־
באדינגלעכע צענטראליזאציע און שטרענגסטע דיסציפּלין
באם פּראָלעטאריאט איז איינע פון די גרונט־באדינגונגען
פארן זיג איבער דער בורזשואזיע" (ב. V, ז. 415). ווער
עס שוואכט אָפּ כאָטש וויפל ניט איז,—זאָגט לענין,—די
אייזערנע דיסציפּלין אין דער פארטיי פון פּראָלעטאריאט
(באזונדערס אין דער צייט פון זיין דיקטאטור), יענער העלפט

פּאַקטיש דער בורזשואַזיע קעגן פּראָלעטאַריאַט". און לעניך דערקלערט, מיט וואָס דערגרייכט זיך די דיסציפּלין פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי. נעמלעך: 1) מיט דער באַוווסט־זיניקייט פונעם פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד, 2) מיט זיין פאַרבינדונג מיט דער סאַמע ברייטער מאַסע אַרבעטנדיקע; 3) מיט דער ריכטיקייט פון דער פּאָליטישער אָנפירונג, וואָס עס קאָנטראָלירן זי די מאַסן גופא אויף דער דערפאַרונג. אַזוינע זיינען יענע באַדינגונגען, וואָס אויף זייער גרונט ווערט שטאַרק—ניט איינצובּרעכן—די קראַפט פון דער באָל־שעוויסטישער פּאַרטיי...

די אויסערגעוויינלעכע וויכטיקייט פון אָרגאַניזירטקייט פאַרן פּראָלעטאַריאַט האָט לעניך אָפּגעמערקט נאָך אין 1904 יאָר אין דער בראָשור „א טריט פאָרויס, צוויי טריט אויף צוריק". „דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין אַנדער געווער אין קאַמף פאַר דער מאַכט, כוץ אָרגאַניזאַציע,—האָט דאָרטן געשריבן לעניך.—א צעשפּליטערטער פון דער הערשאַפט פון דער אַנאַרכישער קאָנקורענץ אין דער בורזשואַזער וועלט, א צוגעקוועטשטער פון דער קנעכטישער אַרבעט אויפן קאַפּיטאַל, אַן אָפּגעשליידערטער שטענדיק, „אויפן דעק" פון פולשטענדיקן דאַלעס, פאַרווילדעווטקייט און דעגע־נעראַציע,—קען דער פּראָלעטאַריאַט ווערן און וועט אומפאַר־מיידלעך ווערן אַן אומבאַזיגבאַרע קראַפט בלויז אַדאַנק דעם, וואָס זיין אידייִשע פאַראייניקונג דורך די פּרינציפּן פון מאַרקסיזם פאַרפעסטיקט זיך דורך דער מאַטעריעלער איינ־קייט פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס שליסט צונויף מיליאָנען אַרבעטנדיקע אין דער אַרמיי פונעם אַרבעטער־קלאַס" (ב. I,

זײַט 624—625). דאָס איז געשריבן געוואָרן, בײַם דער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך געווען אונטערן דרוק פון זעלבסט־הערשונג און קאַפּיטאַליזם. נאָך דעם, ווי דער פּראָלע־טאַריאַט דעראָבערט די מאַכט, נעמט אָן זײַן אָרגאַניזאַציע נײַע פאָרמען, נאָר די באַדערפעניש אין אָרגאַניזירטקײַט פאַרקלענערט זיך ניט.

די אַנטוויקלונג־עטאַפּן פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט לענין אָנגעצייכנט אין די פריִער אָנגעוויזענע קאַפּיטלען פון „קינדער־קראַנקײַט פון „לינקײַט" אינעם קאָמוניזם". גענויער דערלערנען דידאַקטיק פראַגע וועט מען דאַרפן, אַרבעטנדיק איבער די איבעריקע בענד פונעם זעקסבאַנד. אינעם I באַנד קען מען דאָס וויכטיקסטע אין אָרגאַניזיר־פראַגן געפינען אין דעם אַרטיקל „פון וואָס אָנהייבן?" (זײַטן 301—307), אין דער בראָשור „וואָס טאָן?" (זײַטן 307—431) און אין דער שוין דערמאָנטער בראָשור „א טראָט פאָרויס, צוויי טריט אַף צוריק" (זײַטן 580—625). אין II באַנד דאַרף מען לייגן אַכט אַף די אַרטיקלען „וועגן רעאָרגאַ־ניזירן די פּאַרטיי". (זײַטן 306—313) עס גייט א רייד וועגן איבערבויען די אָרגאַניזאַציע נאָך דעם, ווי די מאַסן־באַווע־גונג האָט זיך צו הארבסט 1905 י. אויסגעקעמפט נײַע באַדינ־גונגען אין די אומשטענדן פון דער צאַרישער רוסלאַנד), „רעזאָלוציע פון דער באַראַטונג פון דער פאַרברייטערטער רעדאַקציע פון פּראָלעטאַרי", „די אויפגאַבן פון די באָלשע־וויקעס אין דער פּאַרטיי" (זײַטן 365—367). „שטרײַט־פראַגן (זײַטן 439—455)—א סעריע אַרטיקלען, וואָס גיבן איבער דעם טאָך פונעם קאַמף קעגן דער ליקווידאַטאָרײַ א.א.וו.

עס איז שוינ אנ אופגאבע פאר אנ אויסגעארבעטער לערנ־פראָגראם אָנצווײַזנ א רעשימע ארטיקלענ אונ געבנ א גענוי אויסגעארבעטע רעשימע פראָגראם־פראגנ.

וואָס עס איז שײַעכ פראגנ פונ טאקטיק, האָט זיכ לענינ אינ פולנ אײנקלאנג מיט מארקס טעאָריע געהאלטנ בא די קלאָלימ, אז די פראָלעטארישע פארטיי דארפ באהערשנ אלע פאָרמעס פונ קאמפ, וועלכע עס זײַנענ נאָר פאראנ. קײנ אײנע פונ די קאמפ־פאָרמעס דארפ איר ניט זײַנ פרעמד, אומבאקאנט. די פראגע איז נאָר אינ דעמ, וואָסערע פונ די פאָרמעס דארפ אָנגעווענדט ווערנ אינ געגעבענעמ מאָמענט,—די דאָזיקע פראגע ווערט געלײזט היסטאָריש, אָפּהענגיק פונ דער גאנצער סיטואציע.

די גרונט־קלאָלימ, בא וועלכע עס דארפ זיכ האלטנ די מארקסיסטיש־לענינישע פארטיי באמ אויסארבעטנ איר טאקטיק, האָט לענינ איבערגעגעבנ אפנ פאָלגנדיקנ אופנ אינעמ ארטיקל וועגנ מארקסיזמ, וואָס ער האָט אָנגעשריבנ פארנ ענציקלאָפעדישנ ווערטערבוכ:

„בלויז דער אָביעקטיווער דיסקאָנט פונעמ גאנצנ קאָמפלעקס קעגנזײַטיקע באציִונגענ פונ אלע אָנ אויסנאמ קלאסנ אינ דער געגעבענער געזעלשאפט, אונ פאָלגלעכ, אויכ דער דיסקאָנט פונ דער אָביעקטיווער אנטוויקלונג־שטופע פונ דער דאָזיקער געזעלשאפט אונ דער דיסקאָנט פונ די קעגנזײַטיקע באציִונגענ צווישנ איר אונ אנדערע געזעלשאפטנ קענ דינענ אלס אנ אָנשפאר פאר דער ריכטיקער טאקטיק פונעמ פאָרגעשריטענעמ קלאס. דערבײַ ווערנ אלע קלאסנ אונ אלע לענדער באטראכט ניט אינ סטאטישנ, נאָר אינ

דינאמישנ אויסזענ, ד. ה. ניט אינעם אומבאוועגלעכנ צושטאנד, נאָר אינ באוועגונג (וואָס אירע געזעצנ דרינגענ ארויס פונ די עקאָנאָמישע עקזיסטענצ־באדינגונגענ פונ יעדער קלאס)". באוועגונג ווידער ווערט באטראכט ניט בלויז פונעם שטאנדפונקט פונ דער פארגאנגענהייט, נאָר פונעם שטאנדפונקט פונ דער צוקונפט, אונ דערביי ניט אינעם באנאלנ פארשטיינ פונ די „עוואָליוציאָניסטנ", וואָס זעענ בלויז פאמעלעכדיקע ענדערונגענ, נאָר דיאלעקטיש: „20 יאָר זיינענ גלייכ צו איינ טאָג אינ גרויסע היסטאָרישע אנטוויקלונגענ,—האָט געשריבנ מארקס צו ענגעלסנ,—האגאמ לעסאָפ קענענ אָנקומענ אזוינע טעג, אונ וועלכע עס איז קאָנצענטרירט צו 20 יאָר" („קארל מארקס. די טאקטיק פונ קלאסנקאמפ פונ פראָלעטאריאט" לענינ—„געקליבענע ווערק", ב. VI, ט. 1, ז. 29).

טאקטישע פראגנ ווערנ באלויכטנ אינ א ריי קאפיטלענ פונ דער בראָשור „קינדער־קראנקייט פונ „לינקייט" אינעם קאָמוניזמ", ווו עס גייט א רייד וועגנ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט אינ די פארלאמענטנ, וועגנ דער ארבעט אינ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ, וועגנ אויסניצנ פארשיידענע פאָרמעס פונ קאמפ. לענינ דערקלערט דאָרטנ די גרונט־קלאָלימ פונ טאקטיק אפ קאָנקרעטע ביישפילנ, ער רעדט וועגנ דער נייטיקייט צו לערנענ זיכ בויגעוודיקע טאקטיק, קענענ אָנווענדנ זי אינ פארבינדונג מיט דער סיטואציע.

די פראגנ פונ טאקטיק בא דער פראָלעטארישער פארטיי אינ דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע פונ

1905 יאָר האָט לענינ דערקלערט אינ דער בראָשור „צוויי
טאַקטיקעס פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינ דער דעמאָ־
קראַטישער רעוואָליוציע" (לענינ—„געקליבענע ווערק," ב. II.
זייטנ 88—30). אינ III באַנד איז אופגעקליבנ אַסאַך מאַ־
טעריאַל וועגנ דער טאַקטיק בייס דער אימפּעריאַליסטישער
מילכאָמע אונ אינ דער רעוואָליוציע פונ 1917 יאָר; אינ
די בענד IV אונ V—וועגנ דער טאַקטיק נאָכנ דעראָבערנ
די מאַכט, בא דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט.

אינ 1920 יאָר האָט לענינ געשריבנ וועגנ דער וויכ־
טיקייט צו לערנענ זיכ בויגעוודיקע טאַקטיק: „קאָמוניסטנ
דאַרפנ וויסנ, אַז די צוקונפט אַלנפאַלס געהערט זיי, אונ
דעריבער קענענ מיר (אונ דאַרפנ) פאַרייניקנ די גוואַל־
דיקסטע לײדנשאַפטלעכקייט אינ דעם גרויסנ רעוואָליו־
ציאָנערנ קאַמפ מיטנ העכסט קאַלטבלוטיקנ אונ ניכטערנ
דיסקאָנט פונ די צעווילדעוועטע אומוואַרפענישנ בא דער
בורזשואַזיע. די רוסישע רעוואָליוציע האָט מענ אַכזאָר־
יעסדיק צעקלאַפּט אינ 1905 יאָר; די רוסישע באָלשעוויקעס
האָט מענ צעקלאַפּט אינ יול 1917 יאָר; די דײַטשישע קאָ־
מוניסטנ האָט מענ אויסגעהאַרגעט איבער 15000 דורכ אַ
קונציקער פּראָוואָקאַציע אונ פלינקע מאַנעווערס פונ שיידע־
מאַנענ אונ נאָסקענ געמיינזאַם מיט דער בורזשואַזיע אונ
מאָנאַרכיסטישע גענעראַלנ; אינ פינלאַנד אונ אונגאַרנ בר־
שעוועט דער ווײַסער טעראָר. נאָר אינ אַלע פאַלנ אונ אינ
אַלע לענדער איז דער קאָמוניזם פאַרהאַרטעוועט זיכ אונ
וואַקסט; די וואָרצלענ זײַנע זײַנענ אַזוי טיפ, אַז רעדיפעס
שוואַכנ ניט אָפּ, מאַכנ ניט אָנמעכטיק, נאָר פאַרשטאַרקנ

אימ. עס פעלט בלויז איינ זאכ, קעדיי מיר זאָלנ אוועקגיינ צומ ניצאָכנ זיכערער אונ פעסטער, נעמלעכ: אנ אומעטומיקער אונ ביזנ סאָפ דורכגעטראכטער באוווסטזײַנ בא אלע קאָמוניסטנ פונ אלע לענדער וועגנ דער נייטיקײַט צו זײַנ מאקסימאל בייגעוודיק אינ זייער טאקטיק. דעמ פרעכטיק וואקסנדיקנ קאָמוניזמ, באזונדערס אינ די פאָרגעשריטענע לענדער, פעלט איצטער דערדאָזיקער באוווסטזײַנ אונ דאָס קענענ אָנווענדנ דעמדאָזיקנ באוווסטזײַנ אינ דער פראקטיק" „קינדער־קראנקײַט פונ „לינקײַט" אינעמ קאָמוניזמ" (לענינ—געקליבענע ווערק, ב. V, ז. 475).

אינ א דעטאלער פראָגראמ פונ דערלערנענ די פראגנ פונ טאקטיק איז נייטיק צוקלײַבנ א מאטעריאל, וואָס איז פאראנ אינעמ זעקסבאנד מעקויעכ די פראגנ וועגנ דער טאקטיק פונ אָנגרײַפנ אונ אָפטרעטנ, וועגנ דער טאקטיק פונ באוואָפנטנ אופשטאנד, פונ אויסנוצנ די בורזשואזע פארלאמענטנ, וועגנ טאקטיק פונ איינהײַטלעכנ פראָנט, קעדיי אָפצושלאָגנ די מאסנ פונ אונטער דער ווירקונג פונ די אָפאָרטוניסטישע פירער, וועגנ דער טאקטיק אינ באצוג צו פארשיידענערליי קעגנער, וועגנ פארבינדעטע אינעמ קלאסנקאמפ אונ וועגנ דער באציִונג צו זיי בא פארשיידענערליי אומשטענדנ, וועגנ דער טאקטיק אינ דער קאָמפליצירטער זאכ פונ אָנפירנ מיט דער סאָציאליסטישער בויונג א. א. וו.

די צווייטע טעמע, אפ וועלכער מענ דארפ זיכ אָפשטעלנ—דאָס איז די פראגע וועגנ דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ וועגנ סאָציאליסטישער בויונג. איכ

האָב שוין געזאָגט, אז אין „קינדער־קראנקייט פון „לינ־קייט" אינעם קאָמוניזם" איז שוין אין סאמע אָנהייב גע־געבן געוואָרן א גלענצנדע כאראקטעריסטיק וועגן טאָכ פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט און וועגן יענע אויפ־גאבן, וועלכע שטייען פארן פראָלעטאריאט, וואָס האָט גע־נומען די מאכט. דיקטאטור פון פראָלעטאריאט—דאָס איז א נייע פאָרמע פון קלאסנקאמפ, וועלכע דער פראָלעטאריאט דארפ באהערשן, אז ער האָט דעראָבערט די מאכט. דיקטאטור פון פראָלעטאריאט—סאָוועטנמאכט—איז יענע פאָליטישע פאָרמע, וואָס אין אירע ראמען קומט פאָר דער איבערגאנג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט צום קאָמוניזם. די ליקווידאציע פון קלאסן קומט פאָר דורכ קלאסנקאמפ. מיט דעם אייגנטלעכ שיידט זיכ טאקע אונטער דער וויסנשאפטלעכער קאָמוניזם (מארקסיזם־לעניניזם) פון אלע אנדערע פאָרמעס סאָציאליזם, פון פשאָרעמאכערשע, קליינבירגערלעכע, בורזשואזע א. א. וו.

פארן מארקסיזם־לעניניזם איז כאראקטעריסטיש דער צוגאנג צו דער אופגאבע פון לערנען און אופקלערן די מאסן. איכ האָב שוין פריער גערעדט, אז די שול פון מארקסיזם־לעניניזם — דאָס איז ניט קיין שול פון פאָשעט ווערבאלן לערנען, דאָס איז א שול פון ווירקלעכ עמעסן און מאסאָוון קאמפ. אין 1917 יאָר, נאָכ פארן אָנהייב רעוואָ־ליוציע, האָט לענין אין די נאָטיצן „מארקסיזם וועגן מע־לוכע" געשריבן, אז די אופגאבע פון דער פראָלעטארישער מעלוכע איז קוידעמקאָל פארניכטן דעם אפאראט פון דער בורזשואזער מעלוכע, פארייניקן די אויספירמאכט און די

געזעצגעבערישע מאכט אינ איינע הענט, פארניכטנ דעמ ריס צווישנ דער געזעצגעבערישער מאכט אונ דער אויספיר־מאכט, די סאמע ברייטסטע אנטוויקלונג פונ דער אַרטיקער זעלבסטפארוואלטונג, זיכערנ דיווירקלעכע דעמאָקראטיע פאר די ארבעטנדיקע אונטער דער אָנפירונג פונ פראָלעטאריאט, אונטער זײַנ דיקטאטור, אפנ גרונט פונ דער שנעלער אנטוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער פראָדוקציע, פארקירצנ דעמ ארבעט־טאָג ביז 4־6־8 שעה אונ „פארייניקנ אלעמענס פראָדוקטיווע ארבעט מיט אלעמענס אָנטייל אינעמ פארוואלטנ מיט דער מעלוכע" („לענינישער זאמלבוך" XIV, זײַטנ 385—197).

באַ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט דארפ זיכ שאפנ אזא אָרדענונג, ווענ „די פונקציעס פונ אופזיכט אונ אָפרעכענונגענ, וואָס ווערנ אלצ מער פארייננפאכט, ווענ אויסגעפילט ווערנ פונ אלעמענ לויט דער ריי, וועלנ נאָכדעמ געמענ ווערנ א געוווינשאפט אונ וועלנ, סאָפקאָלסאָפ, אָפפאלנ ווי באזונדערע פונקציעס פונ א באזונדערנ שיכט מענטשנ" (לענינ—„געקליבענע ווערק", ב. IV, ז. 36).

די פראגע וועגנ דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט דארפ מענ דערלערנענ לויט די ארבעטנ, וואָס זײַנענ אופגעקליבנ אינ III באנד (לעמאָשל, „צי וועלנ די באָלשעוויקעס אײַנהאלטנ די מעלוכע־מאכט? — זײַטנ 440—404) אונ IV באנד, אונ דערהויפט לויט לענינס בארימטנ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָלוציע" (ב. IV, זײַטנ 85—3), ווו ס'איז אמבעסטנ רעזומירט די לערע פונ מארקסיזמ־לעניניזמ וועגנ מעלוכע. די־דאָזיקע לערע איז נאָכדעמ אנטוויקלט אפנ גרונט פונ דער

דערפאַרונג פון אונדזער רעוואָלוציע אין לענינס ארבעטן: „טעזיסן און פּאָרטראגן וועגן בורזשואזער דעמאָקראטיע און וועגן דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט” (לענין—„געקליבענע ווערק”, ב. IV, ז. 178—165), „צו דער געשיכטע פון דער פראגע וועגן דיקטאטור” (דאָרטן, זײַטן 195—179), „דער גרויסער אָנהייב” (לענין—„געקליבענע ווערק”, ב. V, זײַטן 335—317), „די אָרדנטלעכע אויפגאבע פון דער סאָוועטנמאכט” (לענין—„געקליבענע ווערק”, ב. IV, זײַטן 264—235), „עקאָנאָמיק און פּאָליטיק אין דער עפּאָכע פון דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט” (דאָרטן, זײַטן 331—323) און „די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע און דער רענעגאט קאוטסקי” (דאָרטן, זײַטן 160—86) א. א. וו.

פאַר דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט שטייען אין גרונט צווייערליי מינים אויפגאבן, פון איין זײַט — אראָפּווארפן די בורזשואזיע, דערשטיקן איר ווידערשטאנד; דאָ ווירקט צוואנג, מעטאָדן פון דערשטיקן, פון טעראָר, פון בירגערקריג. נאָר צוגלײַך מיט דעם שטייען שווערערע און קאָמפּליצירטערע אויפגאבן פון אָרגאניזירן א נײַע סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע.

„די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט... איז ניט בלויז צוואנג לעגאבע די עקספּלואטאטערס און אפילע ניט הויפּטזאכלעך צוואנג. דער עקאָנאָמישער גרונט פון דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנערן צוואנג, גאראנטיע פון זײַן לעבנפעיִקייט און דערפאָלג איז דאָס, וואָס דער פּראָלעטאריאט שטעלט פאָר און פארווירקלעכט א העכערן טיפּ פון געזעלשאפטלעכער אָרגאניזאציע פון דער ארבעט, אין פארגלײַך מיטן

קאַפּיטאַליזם. אין דעם איז דער טאָג. אין דעם איז דער קוואַל פון קראַפט און די גאַראַנטיע פאַרן אומפאַרמיידלעכן פולן ניצחון פון קאָמוניזם" (לענין — „געקליבענע ווערק", ב. V, ז. 323).

אָט דערדאָזיקער פראַגע דאַרף מען שענקען די סאַמע גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. ווענן איר גייט א רייד אין אַלע פריער איבערגערעכנטע לענינס אַרבעטן, באַזונדערס אין די אַרטיקלען „די אָרדנטלעכע אויפגאַבן פון דער סאָוועטן־מאַכט", „דער גרויסער אָנהייב" און אין א ריי אַרטיקלען, ווו עס דערקלערט זיך די נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. דאָ קען מען אָנווייַזן די בראָשור „וועגן דערנערונגשטייַער" (לענין — „געקליבענע ווערק", ב. V, זייַטן 151—122), לענינס פּאָרטראָג אפן IV קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל „פינף יאָר רוסלענדישע רעוואָליוציע און די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט־רעוואָליוציע" (דאָרטן, זייַטן 614—603) און די אַרטיקלען „בעסער ווייניקער, אָבער בעסער" (דאָרטן, זייַטן 303—290), „וועגן קאָאָפּעראַציע" (דאָרטן, זייַטן 309—303) א. א. וו.

צולעצט די דריטע טעמע, וואָס ווענן דערלערנען זי איז נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער, — דאָס איז די ברייטסטע טעמע ווענן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די פראַגן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז ספּעציעל געווידמעט דער 2־טער טייל פון V באַנד. נאָר אָפּ דערדאָזיקער טעמע איז פאַראַן אסאך מאַטעריאַל אויך אין אַנדערע בענדער. די פּאָרהאַנאָכע צום דערלערנען און באַאַרבעטן

די פראגנ פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל איז דאָס דער־
לערנענ לענינס ארבעט „אימפעריאליזמ, אלס די העכסטע סטא־
דיע פונ קאפיטאליזמ“ (לענינ—„געקליבענע ווערק“, ב. III,
ז. 87—3). געפּרעסט איז איבערגעגעבנ דער טאָכ פונ לענינס
אָנשוויונגענ אפנ אימפעריאליזמ אינ דעמ ארטיקל „אימפערי־
אליזמ און די שפּאלטנ פונ סאָציאליזמ“ (לענינ—„געקליבענע
ווערק“, ב. VI, ט. 1, ז. 381—372).

דעמ צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער פונ דער ארבע־
טער־באוועגונג האָט מארקס אָפּגעמערקט נאָכ אינעמ „קאָמו־
ניסטישנ מאניפעסט“. באמ קאפּיטאליזמ איז באשאפנ גע־
וואָרנ דער וועלט־מארק, און אלע לענדער האָבנ זיכ ארויס־
געוויזנ ארײַנגעצויגענע אינ צווישנפעלקערלעכע פארבינ־
דונגענ. „די פריערדיקע אָרטיקע און נאציאָנאלע אײַנגע־
שלאָסנקײַט... טרעט אָפּ דעמ אָרט דעמ אלזײַטיקנ אויס־
טויש און דער אלזײַטיקער אָפּהענגיקײַט פונ די פעלקער“.
די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע נעמט דעריבער אומפאר־
מײַדלעכ אָנ א צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער, און מארקס
האָט אינ 1848 י. ארויסגערוקט דעמ לאָזונג, וואָס איז גע־
ווענדעט צו די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער.

אינעמ „ערשטנ עסקיז פונ טעזיסנ צו דער נאציאָנא־
נאלער און קאָלאָניאלער פראגע“ אפנ IV קאָנגרעס פונ
קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל זאָגט לענינ, אז שוינ באמ
קאפּיטאליזמ איז פולשטענדיק דײַטלעכ ווײַזט זיכ ארויס
„די טענדענצ צו שאפנ אנ אייניקע לויטנ אלגעמיינעמ
פּלאנ רעגולירטע דורכנ פּראָלעטאריאט פונ אלע נאציעס
אלוועלטלעכע ווירטשאפט אלס גאנצעס“ (לענינ—„געקלי־

בענע ווערק", ב. V, ז. 541). די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג און די פולשטענדיקע פארענדיקונג פונ דערדאָזיקער טענדענצ וועט פאָרקומענ באַם סאָציאַליזם.

דער I אינטערנאציאָנאל, וואָס איז אנטשטאנענ אינ די 60־ער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערט, האָט „געלייגט דעמ פונדאמענט" פונעמ פראָלעטארישנ צווישנפעלקערלעכנ קאמפ פארנ סאָציאַליזמ. דער צווייטער אינטערנאציאָנאל איז געווענ אנ עפּאָכע פונ צוגרייטנ דעמ באָדנ פאר דער ברייטער, מאסאָווער פארשפרייטונג פונ דער באוועגונג אינ א ריי לענדער, האגאמ דערדאָזיקער וווקס פונ דער פראָלעטארישער באוועגונג אינדערברייט איז ניט אדורכ אָנ א צײַטווײַליקער ארָאפּנידערונג פונ דער הייכ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ ניוואָ, אָנ א צײַטווײַליקער פארשטארקונג פונעמ אָפּאָרטוניזמ, וואָס האָט געבראכט סאָפקאָלסאָפּ צומ שענדלעכנ קראכ פונ דעמדאָזיקנ אינטערנאציאָנאל" (לענינ—„געקליבענע ווערק", ב. V, ארטיקל „דער דריטער אינטערנאציאָנאל און זײַנ וואָרט אינ דער געשיכטע", ז. 397).

די באזונדערקײַט פונ III קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל איז געווענ, לויט לענינס דעפיניציע, דאָס, וואָס ער האָט אופגענומענ די פרוכטנ פונ די ארבעטנ פונעמ II אינטערנאציאָנאל, האָט אָפּגעהאקט זײַנ אָפּאָרטוניסטישע, סאָציאַל־שאָוויניסטישע, בורזשואזע און קליינבירגערלעכע מיעסקײַט און גענומענ פארווירקלעכנ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט. די קריטיק פונ אָפּאָרטוניזמ פונעמ II אינטערנאציאָנאל איז געגעבנ געוואָרנ אינ אנ אויסגעצייכנטנ

ארטיקל „דער קראכ פונעם II אינטערנאציאָנאל" (לענינ—„געקליבענע ווערק", ב. III, ז. 158—117) אונ אינ א ריי אנדערע ארבעטנ. אינ קעגנזאצ צו די אָפּאָרטוניסטנ פונ II אינטערנאציאָנאל, וועלכע שטיצנ די אימפעריאליסטישע בורזשואזיע, פירט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל א קאמפ קעגנ אימפעריאליזמ אונ ווענדעט א באזונדערע אופמערקזאמקייט אפנ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ די קאָלאָניעס אונ האלבקאָלאָניאלע לענדער, וועלכע די אימפעריאליסטנ אונטערדריקנ אונ באראבעווענ. דידאָזיקע מאסנ שטעלנ מיט זיכ פאָר די גוואלדיקע מערהייט, קימאט 70 פּראָצ. באפעלקערונג פונ דער ערד, אונ דעריבער איז קלאָר, וואָס פאר א גיגאנטישע ראָלע עס שפּילט זייער קאמפ אינ דער וועלט־פּאָליטיק.

פאָרזעצנדיק די ליניע פונ רעוואָליוציאָנערנ מארקסיזמ, האָט לענינ געפאָדערט אנערקענענ דעמ אינטערנאציאָנאליזמ ניט נאָר מיט רייד, נאָר דורכפירנ אימ מיט מעשים. אינעמ „ערשטנ עסקיז פונ טעזיסנ צו דער נאציאָנאלער אונ קאָלאָניאלער פראגע" צומ II קאָנגרעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל האָט לענינ געשריבנ: „אנערקענענ דעמ אינטערנאציאָנאליזמ מיט רייד אונ פארבייטנ אימ אינ דער טאט, אינ דער גאנצער פּראָפּאגאנדע, אגיטאציע אונ פּראקטישער ארבעט, אפנ באלעבעסלדיקנ נאציאָנאליזמ אונ פאציפיזמ שטעלט מיט זיכ פאָר די סאמע געוויינטלעכע דערשיינונג ניט בלויז צווישנ די פארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל, נאָר אויכ פונ יענע, וועלכע זיינענ ארויס פונ דעמדאָזיקנ אינטערנאציאָנאל, אונ אפילע ניט זעלטנ צווישנ

יענע, וועלכע רופנ זיכ איצטער אָנ קאָמוניסטישע. דער קאמפ מיט דעמדאָזיקנ בייז, מיט די אמערסטנ איַינגעוואָרצלטע קליינבירגערלעכע נאציאָנאלע פאָרורטיילנ, ווערט דאָ מערער ארויסגערוקט אפנ ערשטנ פלאנ, וואָס ציַיטמעסיקער עס ווערט די אויפגאבע פונ פארוואנדלענ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט פונ א נאציאָנאלער (ד. ה. עקזיסטירנדיקער אינ איינ לאנד אונ ניט פייִקער צו באשטימענ די וועלט-פאָליטיק אינ אנ אינטערנאציאָנאלער (ד. ה. דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט ווייניקסטנס פונ עטלעכע פאָרגעשריטענע לענדער, וועלכע איז פייִק צו האָבנ אנ אנטשיידנדיקע ווירקונג אפ דער גאנצער וועלט-פאָליטיק). דער קליינבירגערלעכער נאציאָנאליזמ דערקלערט פאר אינטערנאציאָנאליזמ דאָס אנערקענענ די גליַיכבארעכטיקונג פונ די נאציעס אונ גאָר, איַינהיטנדיק (שוינ ניט ריידנדיק וועגנ דעמ ריינ-ווערבאלנ כאראקטער פונ אזא אָנערקענענ) אומבארירט דעמ נאציאָנאלנ עגאָיזמ, ביים דער פראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזמ פאָדערט, ערשטנס, אונטערווארפנ די אינטערעסנ פונ פראָלעטארישנ קאמפ אינ איינ לאנד, צו די אינטערעסנ פונ דעמדאָזיקנ קאמפ אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב; צווייטנס פאָדערט ער פייִקיַיט אונ גרייטקיַיט מיצאד דער נאציע, וואָס פארווירקלעכט דעמ ניצאָכנ איבער דער בורזשואזיע, צו גיינ אפ די גרעסטע נאציאָנאלע קאָרבאָנעס צוליבנ אראָפווארפנ דעמ צווישנפעלקערלעכנ קאפיטאל" (ב. V, ט. 2, ז. 542).

אינ א באזונדערס באארבעטער פראָגראמ איז נייטיק אָנצומערקנ א ריי וויכטיקסטע טעמעס, וועלכע מע דארפ

דורכארבעטנ לויט די מאטעריאלנ פונעמ זעקסבאנד. צוציענדיק אהער א הייַנצייַטיקנ מאטעריאל. אהער דארפנ ארייַנגייַנ אזוינע טעמעס, ווי דער צושטאנד פונעמ וועלט־קאפיטאליזמ, די סטירעס צווישנ די אימפעריאליסטישע וועלט־מעלוכעס, דער ווירטשאפטלעכער קריזיס, וואָס וואקסט איבער אינ א רייַ לענדער אינ א פּאָליטישנ קריזיס, די לאגע פונעמ ארבעטער־קלאס אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער, ארבעטלאָזיקייַט, פראגנ פונ אָרגאניזאציע אונ טאקטיק בא די קאָמוניסטישע פּארטייענ, די רעוואָליוציעס אינ די קאָלאָניאלע אונ האלבקאָלאָניאלע לענדער אונ די אויפגאבנ פונ די קאָמוניסטישע פּארטייענ די מעטאָדנ פונ קאמפּ פונ דער בורזשואזיע, פונ פאשיזמ, פונ צוגרייטנ אנ אינטערווענצ א. א. וו. איבער דידאָזיקע אלע פראגנ איז נייטיק צו דערלערנענ א הייַנטצייַטיקנ מאטעריאל, וואָס עס שטעלט צו אונדזער פרעסע, שטיצנדיק זיכ אינעמ פארשטייַנ אימ אפ די מוסטערנ פונ רעוואָליוציאָנערנ לייזנ די פראגנ, וואָס זייַנענ פאראנ אינ לענינס ווערק.

אָט איז גאָר א קורצע כאראקטעריסטיק פונ די ערשטע טריט באמ צוגייַנ צו דערלערנענ דעמ זעקסבאנד. אפ ווייַטער, קעדייַ געגויער צו דערלערנענ דעמ אָנגעמערקטנ קרייַז פראגנ, איז נייטיק א מער גענוי באארבעטע פּראָגראמ. דאָ איז אָנגעוויזנ בלויז די אלגעמיינע ריכטונג אונ עס זייַנענ אָנגעמערקט די גרונטלעכע גרעסטע טעמעס.

## III. לענין און דער הײַנטצײַטיקער קאמף פונעם פראָלעטאריאַט.

צום שלוס איז נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער מע־קויעך דער הײַנטצײַטיקײַט, וועגן די אופגאבן פונעם הײַנטצײַ־טיקן קאמף, ווײַל רייִן אקאדעמיש שטודירן לענינס ווערק וואָלט באטײַט ברעכן דעם עצעם טאָך פון דער לענינישער טעאָריע. די טעאָריע פון מארקסיזם־לעניניזם—דאָס איז די טעאָריע פון דעם פראָלעטאריאטס קאמף, און יענע נײַע אופגאבן, וועלכע אנטשטייען נאָכאנאנד אין פארבינדונג מיט דעם, וואָס עס ענדערט זיך די גאנצע סיטואציע פון קלאסנקאמף, דארפן געלייזט ווערן אפּ א נײַעם שטייגער, אפן גרונט פון דערפארונג פונעם גאנצן פריִערדיקן קאמף. מיטן פאָרזעצן לענינס זאך, מיטן אנטוויקלען דעם מארק־סיזם־לעניניזם אין נײַע באדינגונגען פארנעמט זיך אונדזער פארטיי, וואָס מיט איר פירט אָן דער צ.ק. מיטן כ. סטא־לין אין דער שפּיץ. דער כ. סטאלין, וועלכער איז דער פאָרזעצער פון לענינס זאך, פילט אויס אין זײַנע ווערק און אין דער אָנפירונג פון צ.ק. יענע דירעקטיוון, וועלכע זײַנען געגעבן געוואָרן אין לענינס ווערק. דאָס איז א פולשטענדיק זעלבשטענדיקע ארבעט אין גאָר נײַע און אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירטע באדינגונגען. די טעמע וועגן דעם, וויאזוי עס האָט זיך דורכגעפירט די לענינישע ליניע נאָך לענינס טויט—דאָס איז אן אויסערגעוויינלעך ברייטע טעמע, וואָס פאָדערט געוויס ניט איין ארטיקל. איך קען דאָ בלויז אין סאמע אלגעמיינע שטריכן אָנמערקן,

ווי עס איז געגאנגענ דער קאמפ פאר דער לעניניסטער ליניע אונטער דער אָנפירונג פונ לעניניסנ צ.ק. פונ 1924 יאָר אָנ. די קאָמפּליצירטקײַט פונ דער לאגע נאָכ לענינס טויט איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס, ערשטנס, איז אָנגעקומענ, ווי ס'איז באוווּסט, א געוויסער פּעריאָד פונ צײַטווײַליקער סטאביליזאציע פונ קאפּיטאליזמ, אנ אָפּפלוס פונ דער רעוואָליוציע אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער; צווייטנס, איז נייטיק אָפּצומערקנ די קאָמפּליצירטקײַט פונ דער סיטואציע אינעווייניק אינ אונדזער לאנד. דעמ סאָציאליזמ האָט מענ געדארפט בויענ אינ א לאנד א קליינבירגערלעכער, ווו ס'איז זייער א שטארקע קליינבירגערלעכע סטיכיע. ווי ס'איז באוווּסט, האָט לענינ גערעדט וועגנ עלעמענטנ פונ פינפ סטרוקטורנ אינ אונדזערווירטשאפט, וועגנ עלעמענטנ פונ פאטריארכאלער, נאטורעלער ווירטשאפט, קליינסכוירעדיקער, פּריוואט־קאפּיטאליסטישער, מעלוכע־קאפּיטאליסטישער און סאָציאליסטישער. די קליינבירגערלעכע, קליינסכוירעדיקע ווירטשאפט אינ אונדזער לאנד איז צומ אָנהייב נעפ געווענ די איבערוועגנדיקע. איז אָט אינ דערדאָזיקער קאָמפּליצירטער אונ שווערער סיטואציע האָט מענ געדארפט פארפעסטיקנ די מאכט פונ פּראָלעטאריאט, אײַנהאלטנ די אָנפירונג מיט די מאסנ קליינע סכוירע־פּראָדוצירער — מיט די מאסנ פויערימ אונ פירנ די דאָזיקע מאסנ צומ סאָציאליזמ. די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכ שווערע אויפגאבע איז גלענצנד אויסגעפילט געוואָרנ.

גענוי אָפּשטעלנ זיכ אפ דער דאָזיקער טעמע איז ניטאָ קיינ מעגלעכקײַט. נאָר אָפּמערקנ איז דאָ נייטיק, אז די

אופגאבע פונ קעמפנ פאר דער גענעראלער ליניע פונ דער פארטיי, די אופגאבע, אז דער פראָלעטאריאט זאָל אָנפירנ מיטנ פויערטומ, קענענ אָנפירנ ניט פארלויפנדיק אפריער, ניט פארכאפנדיק די געשעענישנ, ניט פרווונדיק איבערצושפרינגענ איבער נאָכ ניט דורכגעגאנגענע שטופעס אונ ניט פארבלײַבנדיק אינ עק.—דידאָזיקע אופגאבע, איכ כאזער איבער, האָט אונדזער פארטייִשע אָנפירונג גלענצנד געלייזט.

דער כאווער סטאלינ אינ זײַנע רעדעס, אינ זײַנע ארטיקלענ אונ בראָשורנ גיט די אנטוויקלונג פונ די לענינישע האנאָכעס, אונ דעריבער איז פולקאָמ קלאָר, אז שטודירנ לענינענ אָנ סטאלינס ווערק איז אוממעגלעכ. אינ דער רעדע, וואָס כ. סטאלינ האָט געהאלטנ אפ דער פײַערלעכער טרויער־זיצונג פונעמ אלפארבאנדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר דעמ 24 יאנוואר 1925 יאָר, האָט ער אָפגעמערקט אינ דער ערשטער ריי, אז לענינ, אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט אונדז געלאָזנ דעמ געבאָט—האלטנ הויכ אונ אײַנהיטנ אינ ריינקײַט דעמ גרויסנ נאָמענ פונ א פארטיי־מיטגליד. סטאלינ האָט אָפגעמערקט קוידעמקאָל די אופגאבע אײַנצוהיטנ, פארפעסטיקנ די אײנהײַט פונ דער פארטיי דידאָזיקע אופגאבע איז אונטער דער אָנפירונג פונ צ.ק. אויסגעפילט געוואָרנ גלענצנד. די אײנהײַט פונ דער פארטיי איז פעסט געוואָרנ. אינ 1918 י. אפנ VII צוזאמענפאָר איז פאר דער אָפאָזיציע געווענ איינ פערטכיילעק פונעמ גאנצנ צוזאמענפאָר. אינ 1921 י. (אפנ X צוזאמענפאָר) האָט די אָפאָזיציע אופגעקליבנ איינ אכטכיילעק שטימענ פונעמ צוזאמענפאָר.

נאָכ אינ דרײַ יאָר ארום, אינ 1924 י., אפנ XIII צוזאמענפאָר האָט שוינ פאר דער אָפאָזיציע קײנער ניט געשטימט (זע סטאלינ—„וועגנ דער אָפאָזיציע”, אויסג. 1928 י., ז. 97). דער אינערלעכ־פארטייִשער קאמפ האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט אינעמ ווײַטערדיקנ גאנג, ווי א קאמפ מיטנ טראָצקיזמ (די יאָרנ 1924־1925), מיט דער טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישער אָפאָזיציע (די יאָרנ 1926־1927), נאָכדעמ מיט די רעכטע (די יאָרנ 1928־1930), שפעטער מיטנ „רעכט־לינקאטשישנ” בלאָק. אפנ XVI צוזאמענפאָר, ווו עס זײַנענ אונטערגעפירט געוואָרנ די סאכאקלענ פונ 1½ יאָר פונעמ פינפיאָר, האָבנ מיר געזענ א פולשטענדיקע אײניקײַט, אונ די רעכטע לידערנ זײַנענ געצווּנגענ געווענ צו אנערקענענ זײערע פעלערנ.

די באָלשעוויסטישע פארטיי איז די העכסטע פאָרמ פאר דער אָרגאניזירונג פונעמ פראָלעטאריאט. בלויז בא דער אָנוועזנקײַט פונ אזא פארהארטעוועטער, קרעפטיקער, אײניקער פארטיי איז מעגלעכ געווענ דער זיג פונ פראָלעטאריאט. די אָנפירונג פונ דער פארטיי האָט געזיכערט דאָס שאפנ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. דאָס דערלערנענ די טעמע וועגנ דער פארטיי וועט גלײַכ אריינפירנ אינ קרײַז פונ אלע וויכטיקסטע פראגנ.

באלד נאָכ דערדאָזיקער פראגע אונ גלײַכ מיט איר דארפ מענ קאָנצענטרירנ די אויפמערקזאמקײַט אפ דער פראגע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ וועגנ דער סאָציאליסטישער בויונג, ווי מיר האָבנ אָנגעוויזנ פריער. לענינ האָט געבאָטנ היטנ אונ פעסטיקנ די דיקטאטור פונ

פראָלעטאריאט. די אופגאבנ פונ פארפעסטיקנ די סאָוועטנמאכט, פונ פארפעסטיקנ דעמ פארבאנד פונ ארבעטער אונ פויערימ, פונ אינדוסטריאַליזאציע, פונ קאָלעקטיוויזירנ דאָס פויערטומ—דידאָזיקע אופגאבנ ווערנ פונקט אזוי גלענצנד אויסגעפילט אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער צענטראַלקאָמיטעט. דאָס האָט שוינ געבראַכט צו גוואַלדיקע דערפאָלגנ אינ דער זאכ פונ סאָציאַליסטישער בויונג. אפ דער XIV קאָנפערענצ (פרילינג 1925 י.) אונ אפנ XIV צוזאמענפאָר (דעקאבער 1925 י.) האָט דער כ. סטאלינ, פאָרזעצנדיק לענינס ליניע, דײַטלעכ אוועקגעשטעלט די אופגאבע פונ אינדוסטריאַליזירנ די לאנד. „פארוואנדלענ אונדזער לאנד פונ אנ אגראַרער אינ אנ אינדוסטריעלער, וועלכע איז פעיִק צו פראָדוצירנ מיט אירע אייגענענע קויכעס די נייטיקע אויסשטאטונג,—אָט אינ וואָס עס איז דער טאָכ, דער יעסאָד פונ אונדזער גענעראַלער ליניע" (שלוס־וואָרט אפנ XIV צוזאמענפאָר). אינ דעמזעלביקנ שלוס־וואָרט האָט דער כ. סטאלינ גערעדט וועגנ דעמ, אז די אימפעריאַליסטנ „ווילנ באגרענעצנ אונדז מיט דער פראָדוקציע, לאָמיר זאָגנ, פונ שיכ, נאָר אונדז איז דאָס ווייניק, מאכמעס מיר ווילנ פראָדוצירנ ניט בלויז שיכ, נאָר אויכ מאשינעס, וואָס פראָדוצירנ שיכ א. א. וו. אָט אינ וואָס עס איז דער אונטערשייד פונ צוויי גענעראַלע ליניעס".

פירנדיק א קאמפ מיטנ אָפּאָרטוניזמ, מיט דער טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישער אָפּאָזיציע, מיט זייער פאניקמאכערײַ אונ „לינקע" (אומגעלומפערט „לינקע") קנייטשנ (איבעראינדוסטריאַליזאציע א. ד. גל.), האָט דער צ. ק. מיטנ כ. סטא־

לינ אינ דער שפּיצ ווײַטער געפירט די לענינישע ליניע פונ מאסאָווג קאָאָפּערירנ דאָס דאָרפ, וואָס ער שליסט זיכ צוזאמענ מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, קעמפנ מיטנ באלעגופנטום לויט צוויי ליניעס: דורכ אָרגאניזירנ די אָרעמשאפט קעגנ די באלעגופים אונ דורכ פארפעסטיקנ דעמ פארבאנד פונ דעמ פּראָלעטאריאט אונ דער אָרעמשאפט מיט די מאסנ מיטל־פּויערטומ קעגנ דעמ באלעגופ.

אינ רעזולטאט פונ אזא ריכטיקער פּאָליטיק, אינ רעזולטאט פונ א ריזיקער ארבעט, וואָס עס האָבנ דורכגעמאכט די מאסנ פונ פּראָלעטאריאט אונ פּויערטומ אפ אנטוויקלענ די אינדוסטריע, אינ רעזולטאט פונ דער אנטוויקלונג פונ די פּראָדוציר־קויכעס — איז שוינ אינ 1929 י., אינ ערשטנ יאָר פונעמ פינפיאָר, פאָרגעקומענ א ריזיקער קער, אנ איבערבראָכ, עס האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט אנ אנטשיידענער אינ דערפאָלגרײַכער אָנגריפ אפ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ. די מאסנ מיטל־פּויערטומ האָבנ זיכ א קערעווע געטאָנ אפנ וועג פונ קאָלעקטיווער ווירטשאפט.

זומער 1930 י. אפנ XVI צוזאמענפאָר האָט דער כ. סטאלינ אָנגעוויזנ אפ דעמ, אז מיר זײַנענ שוינ ארײַנגעטראָטנ אינ פּעריאָד פונ סאָציאַליזמ, אז „דער סאָציאַליסטישער סעקטער האלט איצטער אינ די הענט אלע ווירטשאפטלעכע הייבערס פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט, האגאמ ביזנ אויסבויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט אונ פארניכטנ די קלאסנ־אונטערשיידנ איז אונדז נאָכ ווײַט“.

דער ריזיקער וווקס פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, דער ארבעט־אופשטײַג, וואָס פארכאפּט די ברייטסטע מאסנ־

ארבעטנדיקע, די אנטוויקלונג פונ נײַע פאָרמעס פונ דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע (סאָציִאַליסטישער געוועט, שלאָגערײַ, אנטקעגנדיקער אי:דפינפלאנ א. א. וו.). דאָס ארײַנטרעטנ פונ נײַע גיגאנטנ—זאוואָדנ אינ דער פראָדוקציע, די פארברייטערטע מאשיניזירטע באזע פונ דער אינדוסטריע, די נײַע פאָרמעס פונ ווידערשטאנד אונ קאמפ מיצאד דעמ קלאסנ-פײַנט—דידאָזיקע אלע אונ אטאכ אנדערע אומשטאנדנ, וואָס איבערעכענענ זיי דאָ וואָלט געווענ צופיל לאנג, שאפנ א נײַע סיטואציע, רוקנ ארויס נײַע אופגאבנ, וועלכע מע דארפ לייזנ. אינ דעמ אנטשיידנדיקנ לויפנדיקנ יאָר פונעמ פינפיאָר איז אוועקגעשטעלט אנ אופגאבע פארענדיקנ אויסבויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציִאליסטישער עקאָנאָמיק. פאנאנדערקלײַבנדיק זיכ אינ דער נײַער סיטואציע, נעמענדיק אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג, דארפ מענ קעמפנ פאר דער ריכטיקער לענינישער ליניע, אונ אינ לענינס ווערק דארפ מענ זוכנ לעקציעס אונ אונטערשטיצונג פארנ טעאָרעטישנ אונ פראקטישנ קאמפ פונעמ הײַנטיקנ טאָג.

איינע פונ די וויכטיקסטע דעראָבערונגענ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע איז געווענ די לייזונג פונ דער נאציִאָנאלער פראגע. די ארבעטנדיקע פונ אלע נאציעס בא אונדז אינ פארבאנד איז געזיכערט א פולשטענדיקע זעלבסטבאשטימונג אונ אינ דערזעלביקער צײַט איז געזיכערט דער ניטקאפיטאליסטישער וועג פונ אנטוויקלונג צו דער גרויסער קאָלעקטיווער פראָדוקציע, צומ אופנעמענ די העכסטע הײַנטצײַטיקע טעכניק, צומ קאָמוניזמ. אָט דאָס, צוגלײַכ מיט

אונדזער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויונג, האָט א ריזיקע צווישנפעלקערלעכע באַדײַטונג. דאָס באַווײַזט די פעלקער פונ די קאָלאָניאַלע אונ האַלב־קאָלאָניאַלע לענדער (אונ דאָס איז די מערהײַט באַפעלקערונג פונעמ ערדקויל) דעמ וועג פונ זייער אנטוויקלונג נאָכ דעמ, ווי עס וועט אָפּגעהאַלטנ ווערנ דער ניצאָכנ איבערנ אימפּעריאַליזמ. דאָס מאַכט די מערהײַט באַפעלקערונג פונעמ ערדקויל פאַר אָנהענגער פונ דער סאָוועטישער סיסטעמ.

די פראַגנ פונ דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָליוציע, די פראַגנ פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל האָבנ א גוואַלדיקע באַדײַטונג, מאַכמעס מיר געפינענ זיכ אינ דעמ פעריאָד, וועלכער האָט פאַר זיכ די אויפגאַבע אראָפּצוּוואַרפנ די בורזשואַזיע אינ אַלוועלטלעכנ מאַסשטאַב.

אינ זײַנ פּאָרטראַג „צו די אַרבעט־סאַכאַקלענ פונ דער XIV קאָנפערענצ ר.ק.פּ.(ב). (מײַ 1925 י.) זאָגט דער כ. סטאַלינ:

„נאָכ אָקטיאַבער 1917 י. זײַנענ מיר אַרײַנגעטראָטנ אינעמ דריטנ פעריאָד, אינעמ דריטנ עטאַפּ פונ דער רעוואָליוציע, וועלכער האָט פאַר א ציל אראָפּצוּוואַרפנ די בורזשואַזיע אינ אַלוועלטלעכנ מאַסשטאַב. ווי לאַנג עס וועט זיכ פאַרציִענ דערדאָזיקער פעריאָד איז שווער צו זאָגנ. עס איז קײנ סאָפעק ניט אַלנפאַלס, אַז ער וועט זײַנ א דויערנדיקער, פונקט ווי עס איז קײנ סאָפעק ניט אויכ דאָס, אַז ער וועט האָבנ זײַנע צופלוסנ אונ אָפּפלוסנ. די אַלוועלטלעכע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג איז אַרײַנגעטראָטנ אינ געגעבענעמ מאָמענט אינ א פאַזע פונ אָפּפלוס פונ דער רעוואָ־

ליוציע (דאָס איז שײַעכ צום 1925-טנ יאָר). דערבײַ איז דערדאָזיקער אָפּפּלוס צוליב א ריי סיבעס, וועגנ וועלכע איכ וועל ריידנ ווײַטער, דארפ זיכ אומבײַטנ אפ א צופלוס, וועלכער קענ זיכ ענדיקנ מיט ניצאָכנ פונ פּראָלעטאריאט, אָבער ער קענ זיכ אויכ ניט ענדיקנ מיטנ ניצאָכנ, נאָכ אומבײַטנ זיכ אפ א נײַעמ אָפּפּלוס, וועלכער דארפ אינ זײַנ ריי אומבײַטנ זיכ אפ א נײַעמ צופלוס פונ דער רעוואָליוציע. די ליקווידאטערס פונ אונדזער פּעריאָד זאָגנ, אז דער אָנגעקומענער שטילשטאנד איז דער סאָפ פונ דער וועלט־רעוואָליוציע. נאָר זיי האָבנ א טאָעס, פּונקט אזוי, ווי זיי האָבנ א טאָעס געהאט פריער, אינ די פּעריאָדנ פונ ערשטנ אונ צווייטנ עטאפּנ פונ דער רעוואָליוציע, ווענ יעדנ אָפּפּלוס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג האָט מענ געהאלטנ פאר דער מאפּאָלע פונ דער רעוואָליוציע" (סטאלינ — „צו די ארבעטסאכאקלענ פונ דער XIV קאָנפערענצ ר.ק.פ.(ב), „וועגנ דער אָפּאָזיציע", ז. 171).

אינ דער סיטואציע, אינ וועלכער מיר געפינענ זיכ בא הײַנטיקנ טאָג, לאָזט זיכ אלצ מער שפּירנ, ווי עס דערנעענטערט זיכ דער ניצאָכנ פונ דער וועלט־רעוואָליוציע, פונ דער אלוועלטלעכער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע, וואָס לענינ האָט זי פאָרויסגעזענ אינ 1894 יאָר. פארגלײַכט די לאגע, וואָס איז בא אונדז איצטער, מיט דער לאגע פונ דער פאריזשער קאָמונע, וואָס ניט לאנג איז געווענ איר 60־יאָריקער יובילײ. די פאריזשער קאָמונע איז געווענ דער ערשטער פּרווו צו שאפנ א פּראָלעטארישע מעלוכע. זי איז געווענ אפ דער טעריטאָריע פונ פאריזש. עקזיסטירט האָט

די קאָמונע 2 כאדאָשימ אונ 10 טעג. אונדזער מעלוכע עקזיסטירט שוינ 14 יאָר אפ א טעריטאָריע, וואָס איז א זעקסטכיילעק פונעמ ערד־קויל. אונ די בויונג, וואָס וויקלט זיכ פאנאנדער בא אונדז, די אינ דער געשיכטע ניט גע־הערטע טעמפנ באוויזנ, אז טראָצ אלע שוועריקײַטנ, טראָצ דעמ פארצווייפלטנ ווידערשטאנד פונ די בורזשואזע עלעמענטנ, טראָצ דער שעדיקערײַ א. ד. גל. האָט דער פראָלעטאריאט דערגרייכט שוינ גוואלדיקע דערפאָלגנ, ער האָט די מעגלעכקײַט קעגנשטעלנ צו אלע שטערונגענ די מעכטיקסטע קראפט פונ די פילמיליאָניקע ארבעטער־מאסנ אונ מיט דערדאָזיקער אָרגאניזירטער קראפט בײַקומענ קאָ־לערליי שוועריקײַטנ. די נאָענטקײַט פונ ניצאָכנ לאָזט זיכ שוינ שפירנ אונ פונ אונדז הענגט אָפ דערנעענטערנ אימ.

דאָס דערלערנענ לענינס ווערק גיט א טעאָרעטישנ געווער, וואָס איז אינ דעמדאָזיקנ טאָגטעגלעכנ קאמפ פאר דער בויונג אויסערגעוויינטלעכ נייטיק.

אלזאָ, דערלערנענ לענינענ דארפ מענ, נאָכטאָנדיק דעמ בײַשפיל פונ לענינענ אליינ, ווי ער האָט דערלערנט מארקסנ, ד. ה. אָפגעבנדיק זיכ א כעזשבנ אינ יענער סיטואציע, אינ וועלכער עס איז אופגעקומענ יעדער ווערק, אונ אינ דערזעלבער צײַט ענג פארבינדנדיק דאָסדאָזיקע דערלערנענ מיטנ לייזנ די אָרדנטלעכע אופגאבנ פונעמ הײַנטצײַטיקנ קאמפ מיט דער בורזשואזיע פאר דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, פאר דער סאָציאליסטישער בויונג. מע דארפ ארבעטנ אינ דער פארטייישער אָרגאניזאציע אָדער אינ קאָמיוג אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטייישער

אָרגאניזאציע און טעאָרעטיש קרעפטיקן דידאָזיקע ארבעט דורכ דערלערנען לענינען.

אָנהייבנ דאָס דערלערנען דאָס זעקסבאנד פונ לייענען די „קינדער־קראנקייט פונ „לינקייט” אינעם קאָמוניזמ” אונ קאָנצענטרירנ די אופמערקזאמקייט אפ די גרונט־פראגנ: פארטיי, דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ סאָציאליסטישע בויונג, קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל.

דערלערנענדיק לענינען, דארפ מענ ארויסנעמענ פונ זײַנע ווערק, פונ דעמ, וויאזוי ער האָט אָנגעפירט מיט דער פארטיי, לעקציעס, וויאזוי צו פירנ דעמ קאמפ פאר דער לענינישער ליניע אינ די נײַע באדינגונגענ, אינ דער נײַער סיטואציע, ס'איז נייטיק צו דערלערנען די באשלוסנ פונ די פארטיי־צוזאמענפאָרנ, קאָנפערענצנ, די באשלוסנ פונ צ.ק.אל.ק.פ.(ב), פונ זײַנע פלענומענ, מאכמעס אינ דידאָזיקע פארטײיִשע דאָקומענטנ ווערט געגעבנ די אנטוויקלונג, די קאָנקרעטיזירונג פונ דער לענינישער פאָליטיק אינ די זיכ בײַטנדיקע באדינגונגענ פונ דער הײַנטצײַטיקער סיטואציע. מע דארפ זיכ באטייליקנ אינ דורכפירנ אינ לעבנ די לענינישע ליניע.

די ווערק פונ כ. סטאלינ, וועלכער איז דער פאָרזעצער פונ לענינס ארבעט, גיבנ א פרעכטיקע אָנפירונג אינ דער שווערער זאכ פונ אָריענטירנ זיכ אינ דער קאָמפליצירטער הײַנטצײַטיקער לאגע.

# אינהאלט

ײַט

I. וואָס גיבנ לענינס ווערק אונ ווי דארפ מענ זיי דערלערנענ 3

II. וועגנ דעמ זעקסבאנד . . . . . . . 12

III. לענינ אינ דעמ הײַנטצײַטיקער קאמפ פונעמ פראָלעטאריאט . 33

---